


אלעקסאנדר סאמאָכוואלאָוו

# דער כאָדיע

קאאפעראטיווער פארלאג
„קולטור-ליגע"

47

שול- און פּיאָנערן-ביבליאָטעק

אלעקסאנדער סאמאָכוואלאָוו

# דער כאָדיע

ייִדיש — אי · קס

№ 47

קאָאָפּעראטיווער פארלאג „קולטור-ליגע“
קיִעוו — 1930

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונג
פון דעם בוך און די שטערן פאַר
ביבליאָטעק-קאַטאַלאָגן זיינען אָפּ־
געדרוקט אין „ציַיטשריפט פון
דרוק״ און אין דעם „קאַרטן-רע-
פּערטואַר״ פון דער אוקראַיִנישער
בוך־פּאַלאַטע.

מעלוכע - טרעסט „קיִעוו - דרוק״,
2-טע דרוקעריַי, חאַראַװסקי 42.
באַשט. 1861 №. געדרוקט 5000.
קיִעוו. קריַזליס 43. 2 דר.-בויגן.

I.

דעמאָלט זײַנען אלע געפאָרן.

דער רועך זאָל עס וויסן, וואָס פאר א מענטשן ס׳זײַנען דעמאָלט געוועזן.

ווען ס׳וואָלט זײַן אזא אעראָפּלאַן, אז מ׳זאָל זיך אף אים אופהייבן און קענען אויסזען גאנץ רוסלאנד פון איין עק ביזן צווייטן, וואָלט מען שוין אקוראט געזעען ווי אזוי אלע, אלע זײַנען געפאָרן.

ווער וווהין!

מערער אין טעפּלושקעס. וואגאָנעס, ווי ס׳דארף צו זײַן, איז גאָר עפּעס אזוי ווי ניט געוואָרן, נאָר קעלבערנע און בעהיימישע וואגאָנעס זײַנען געבליבן.

— דאכט זיך, אז ס׳פאָרט זיך... אז מע שטעלט זיך צו, שטייט מען אָפּ אביסל, און דערנאָך סקריפּעט עס ווײַטער. ס׳טאראבא־כעט, זיי ווערן צעשפּארט, די וואגאָנעס, און צעלאָפּעט, ווײַל זיי זײַנען זייער אָנגעשטאָפּט מיט מענטשנוואָרג. ווען דאָס זײַנען קעלבער אין אזא ענגשאפט, וואָלטן זיי שוין לאנג ביז איינעם אויסגעפּייגערט, און אז סע מענטשן — איז גאָרניט, שטייט צו זיי ניט צו. זיי פאָרן.

אף די בופערן אף די האָקן־האַלטערס, אף די דעכער, אף די אקסן. ס׳איז דען א כילעק ווו? מ׳פאָרט. מ׳האָט באקלעפּט. שיר

שיר וואָס ס'דוכט זיך ניט, אז דער צוג איז אויך פארלײַזיקט געוואָרן. נאָר ניט מיט קײַן לײַז — מיט מענטשן.

גרויִע מענטשן. מערער טייל פון פראָנט.

דאָס פאָרט מען אהיים אזוי.

און ווער ס'פאָרט נאָך מעל, נאָך פוטער.

דאָ פלעג מען קענען פארשלאפט ווערן אויך אין די טעפּ־לושקעס. און שטארבן־אויך. ווען ס'האָבן בריקן אראָפּגע־שניטן פון די דעכער, ווען ס'האָט דער פראָסט אראָפּגעשלעפּט, און ווען די קויל.

דעמאָלט זײַנען פייגל געווען ווינציק, דאָס איז ריכטיק, אָבער קוילן זײַנען אומגעפלויגן אומעטום. אזא מין צײַט איז עס געווען. זיי האָבן גאנץ רוסלאנד איבערגעריִעט... אלע גע־דערים אויסגעמאָטעוועט!

און אז מ'וויל זאָגן, זײַנען דאפקע געגאנגען נאָך צוגן אויך. שוין אינגאנצן אנדערע.

יענע האָט מען ניט באקלעפּט, בא יענע איז מען ניט געהאנ־גען אף די בופערן און געקראָכן אף די דעכער.

אויך בא זיי האָבן זיך די ווענט צעשפּארט פון פולקײַט אָבער דערפאר איז דאָ אינ־ווייניק געווען עפּעס פריילעכער און געזונטער. די־אָ צוגן זײַנען דוכט זיך, אזוי ווי געגאנגען גיכער אויך. אף די רעזערוו־ליניעס ניט געקוואטשעט זיך. וואָ־רום געגאנגען זײַנען זיי אפן פראָנט, טאקע אנקעגן די ווײַסע!

———

אפן פראָנט בין איך געפאָרן דאָס ערשטע מאָל. שוין דעם דריטן טאָג, אז איך פאָר, און איך ווייס אלץ ניט אקוראט מיט וואָס מ'עסט דאָס?

די מאכאָרקע האָט מיט איר רויך געדיכט באהאנגען דעם וואגאָן. רייַבט עמעצער אויס א שוועבעלע, זעסטו גאָרניט אוי-סער דעם פייַערל, ביז מ׳רויכערט צו דאָס ציגארל... און דערנאָך זעסטו שוין א פייַערל נאָך קלענער: א סימען, אז מ׳פארציט זיך שוין מיטן ציגארל.

די כאוויירים מייַנע אין וואגאָן דאָס איז אן אוילעם ניט קיין פארשלאָפענער, קריגערישע יונגעלייַט. אלע איינס אין איינס. און קעדיי די צייַט פארטרייַבן, איז אָדער מ׳דערציילט עפעס, אָדער מ׳זינגט, מ׳זינגט, אז דער וואגאָן צעלייגט זיך. טאָמער ווערט מען אנשטילט א שטיקל צ״יט, איז עס נאָר אף באנאכט.

באנאכט דערהערט מען קאם דורכן טאראבאנען פון די רעלסן, ווי אזוי די טעפלושקע טוט א טרישטשע אין די ווינק-לען, און אף די סטאנציעס הערט מען, ווי אזוי דער ווינט גייט זיך דורך מיט אן אויסגעצויגענעם פייַף, און דעם ווינט ענטפערט עמעצער פון אונדזערע מיט א כראָפ, וואָס ענדיקט זיך אויך מיט א סווישטש.

אין אזעלכע שאָען ארבעטן מערער די מאכשאָוועס, און אזוי ווי מ׳ווארט אף עפעס.

מ׳הערט, ווי אזוי ס׳קייטלען זיך פאנאנדער די וואגאָנעס און קלימפערן צו. אויב ניט, גייט עמעצער דורך נאָענט איבערן שנייַ מיט סקריפען. יענער האלט געוויס א לאמטערן אין האנט. און ס׳געווערט לאנג, ביז די טריט ווערן אנשטילט. שא. שטיל.

סייַדן עמעצן פארגלוסט זיך ארויסקריכן אף א רעגע. טוט ער א הילך מיט דער טיר. לאָזט אָן א וואגאָן מיט פראָסט. אזעלכס מאכט דאפקע ניט אויס. אזעלכס איז אייַנגענומען.

אָט איז עפעס אף א סטאנציעלע א שלעפעניש. איך הער, די יאטן רייַסן זיך. זיי זייַנען באפאלן עמעצן. זיי לאָזן ניט אין

וואגאָן אַרײַן, איך זע ניט פֿונדאַנען וואָס דאָרט איז. איך ליג ווײַט פֿון טיר.

— וואָסי דאָרטן? — טו איך א פֿרעג באַם שאָכן.

— איך ווייס, א כאָדיע, עפּעס א גלאָמפּ, שפּאַרט זיך אין א פֿראָנט־צוג אַרײַן.

דערנאָך איז ווײַטער געוואָרן שא.

און דערנאָך פֿאָרן מיר שוין ווידער.

די טעפּלושקע טרישטשעט אין די ווינקלען.

איך האָב עפּעס געגומען קלערן פֿונעם כאָדיע, וועלכן איך האָב נאָך אפֿילע אין די אויגן ניט געזען. זיך פֿאַרשלאָגן אהער דער רועך ווייסט פֿונוואַנען, אזש פֿון כינע. אזויפֿיל טויזנטער! אז דאָ איז א קאָכעניש אזא. אַלץ וויל מען דאָ איבערמאַכן און איבערלאַדען אפּסנײַ. וואָס דאַרף ער נאָך דאָ? א כאָדיע אַן אומגליקלעכער? שטופּט זיך אויך אהער מיט זײַן נאַרישן קאָלפּעק. מיך פּלוצים האָט פֿאַרנומען פֿאַרן הארצן, וואָס ער שפּאַרט זיך אויך אהער און וואָס מ'האָט אים אַרויסגעשטופּט פֿונדאַנען. אָבער ווי אזוי זאָל מען אים ניט אַרויסשטופּן. נאָר ער פֿעלט נאָך דאָ אויס!

די נאַכט האָט גענומען אויסגיין. די שפּאַלטן פֿון דער טעפּ־לושקע האָבן זיך אָנגעהויבן בלויען. דער מאַכאָרקע־רויך האָט זיך אביסל אויסגעוועבט.

ס'וואָלט ניט שאַטן א קאַפּ אויסגלײַכן די ביינער.

א גאַנצע נאַכט האָט, ווײַזט אויס, געשאָטן א שניי, דער ווינט האָט נאָך אים אביסל אונטערגעדרייט. הורעס אומעטום. פּיפּיקע אזעלכע, מאָדנע. כוואַליעס — ניט כוואַליעס, נאָר עפּעס דריידלעך אזעלכע און ציאַצקעס אָן א שיר.

איצט האָט זיך עס אײַנגענומען. ס'איז אינגאַנצן שטיל.

אונדזער צוג שלאָפט נאָך און זעט אויס אזוי ווי א לײדי־קער. ווען־ניט־ווען גיט עמעצער נאָר א דויבע די וואנט מיט א שטיוול. פון שלאָף אזוי.

ארומגיין לענגויס די וואגאָנעס ווילט זיך דאפקע. זיי זײַנען עפּעס אלצײנע נאָלע. צען שפּאן וואגאָן—צוויי שפּאן לײדיק, נאָך צען שפּאן—און ווײַטער א שטיקל לײדיקײַט. ס׳איז ייִנגלש, דאפקע, אָבער ס׳ווערט עפּעס רויִק פון דעם, און ס׳גייט דיר גאָרניט ניט אָן. דו ווערסט נאָר אזוי ווי שטארקער בא זיך, אז אפן פראָנט וועסטו טאקע נוצן ברענגען, ניט אבי פאָרן.

אזוי גיי איך זיך. פלוצים דערזע איך: אף די בופערן אין איין אָרט ליגט עפּעס א קנויל צונויפגעדרייט, איינגאנצן באַשאָטן מיט שניי.

וועד זאָל עס זײַן?

א מעשוגענער אָדער וואָס?

און עפּשער גאָר א שפּיאָן, א פּראָוואָקאטער!

איך טו א קוק נעענטער· א גרויער שינעל א סאָלדאטישער. דאָס היטל אויך. און דעריקער, ס׳שמעקט פון אים מיט פראָנט, אָן שום ספּעק. ווארום איך בין נאָך געווען א נײַיִנקער, האָב איך נאָך לויטן רייעך געקענט דערשמעקן.

— ווער ביסטו עס אזעלכער?—פויל איך זיך ניט און רוף זיך צו אים אָפּ.

און דאָס מענטשן־קנײַלכענדל האָט, ווײַזט אויס, געכאפּט א שלאָף. קאָלזמאַן דער צוג שטייט, קאָן מען א דרימל טון אף א ווײַלע. ער האָט ניט גערן א בורטשע געטון. ווייס איך ניט וואָס. די נאָז האָט ער צוריק ארײַנגעשטעקט אין זײַן צעקראָכענעם שינעלטשיק און האָט זיך טיפער אײַנגענאָרעט.

אָבער איך גיי שוין ניט אוועק.

— וואָס וואלגערסטו זיך דאָ? ביסטו א סאָלדאט, טאָ קום אין וואגאָן אריַן, אויב ניט—איז גיי צו אלדע רוכעס.

— פאר מיר וואגאָן א פלאץ ניטאָ. איך געזאָגט, לאָז אריַין וואגאָן... כאווער געזאָגט קא פלאץ ניטאָ.— א?

און ער האָט זיך וויַטער איַינגענאָרעט און ניטאָ אים. פונקט ווי ער איז שוין אָט־אָ אָפּגעהאנגען א נאכט אפן בופער און די צווייטע וועט ער וויַטער הענגען... און ניט נאָר די צווייטע, נאָר וויפל מ'וועט דארפן.

— כאָדיע,— רופ איך זיך אָן,— ס'דו?

דאָס איז, וויַזט אויס, פונקט געווען יענער כינעזער, וואָס אונדזערע יאטן האָבן ניט געוואָלט לאָזן אין וואגאָן. אינעם לאָשן קען מען דערקענען.

ער שוויַיגט.

און איך שטורכע אים. איך קלער—איינס פון די ביידע: אָדער אים אראָפּנעמען פונדאנען, אָדער אים אריַינעמען אין וואגאָן אריַן. ער וועט זיך דאָך דאָ ניט איַינהאלטן, דער טיפּעש.

— כאָדיע, כאָדיע! ווּהין פאָרסטו עס, קאָלפּעק נארישער!

— אפן פראָנט!

אָט האָסטו דיר,—קלער איך... און טו א קוק נעענטער. ערשט הענגט בא אים אף דער פּלייצע א ווינטאָווקעלע א קאווא־לער'סטישע, א קליינע אזא.

— אף א וועלכן פראָנט? ווו איז דיַין טייל?

— ניטאָ מיַינע טייל? וואָס אלץ דארפסטו וויסן?

דאָ האָט דער כאָדיע אופגעהויבן דעם קאָפּ זיַינעם אף מיך אָנקוקן און א גרויסע הרודע שניי פון היטל בא אים האָט זיך פאמעלעכקע גענומען אראָפּרוקן און גליַיך צווישן קאָלנער זיך נאָך צעשאָטן אף קליינע שטיקעלעך.

— איַ, איַ, טשאָרט פארשיוּוע!

און ער האָט געכאפּט ארויסשארן פון צווישן קאָלנער דעם שניי. און פלוצים, אַז ער טוט דיר ניט א הארקע אף מיר.

— גיי אוועק אינדערערד! וואָס צו מיר קריכן! איַ, טשאָרט פארשיוווע!

— דו קריך בעסער אראָפּ מיט גוטנס, כאָדיע, דאָ טאָר מען ניט!

— גיי אוועק אינדערערד! קריך אליין! דו טאָר ניט. איך זאוועצקא וולאסד!

האָב איך אים געלאָזן זיך אביסל אָפּקילן, און דערנאָך זיך וויַטער צו אים גענומען. מ׳קען דאָך אים פונדעסטוועגן דאָ ניט איבערלאָזן אף די בופערן. וויבאלד דער מענטש פאָרט אפן פראָנט!

— ווו איז די טייל דיַינע, פרעג איך דיך?

— אוועק אהיים.

— וואָס הייסט אהיים?

— אהיים! ז׳אָ אהיים. דאָ א ערד. אוועק אהיים. דאָ א וויַ־בער.. איך ניטאָ קיַין היים! וויַט! כינאא! איך אפן פראָנט זא־וועצקא וולאסד!

אָט האָסטו דיר, קלער איך זיך, א כאָדיע!

II.

נו, א קלאָרע זאך, אז מיר האָבן אים אריַינגענומען אין וואגאָן אריַין.

א כאָדיע איז עס געווען, ווי אלע כאָדיעס, א פארזעעניש. פון דער טעפּלושקע איז אים געוואָרן גוט אפן הארצן. ער האָט

זיך די רעגע אײַנגעמאָסטעט לעם אייוועלע און שטשירעט די ציין זײַנע די קיטײַסקע.

און די כעוורע שפּילן זיך מיט אים אונטער פונדערגרינג: וווהין—טראָגט עס דיך, כאַדיע? מ'עט דאָך דיך הארגענען?

אָבער ער שמייכלט אף אלץ.

— ניין, ניט הארגענען. מײַנע ביקס א גוטער. מײַנע הארגענען אף אים. איך א זאוועצקא וולאסד.

די „זאוועצקא וולאסד" האָט כאַדיע, ווײַזט אויס, גוט אײַנגעכאַזערט. און אז ער האָט געדארפט עפּעס דערווײַזן אף זיכער, איז ער קעסיידער ארויס מיט זײַן „זאוועצקא וולאסד".

קיין כילעק ניט ווו און פאר וועמען, אבי ער האָט דאָס א זאָג געטון איז שוין אלץ פארטיק. כאַדיע האָט געהאלטן, אז נאָך דעם איז שוין אלץ אָפּגעטון.

און וויבאלד דאָ גייט אין דער „זאוועצקא וולאסד" און אינעם ביקס, האָט כאַדיע, ווײַזט אויס, געגלויבט מיטן גאנצן הארצן, אז צו אים וועט שוין קיין שום רועך ניט צושטיין.

אָט וואָס פאר א כאַדיע דאָס איז געווען.

און אָפּגעטון האָט זיך מיט אים בא אינדז אזא מײַסע.

אזוי איז ער זיך געזעסן. האָט געשטשירעט גוטמוטיק די ציינער זײַנע די קיטײַסקע. און פלוצים האָט ער ניט געסטײַעט, אויסגעטרוקנט געוואָרן.

ניטאָ און ניטאָ כאַדיען.

קיינער האָט גאָרניט געזען, ווי אזוי ער האָט זיך ארויס־גערוקט פונדאנעט.

מ'האָט אים געזוכט און געזוכט, אף וואָסערע קאפּאָרעס האָט מען אים עפּשער געדארפט, אָבער מיט אים איז געווען פריי־

לעכער. מיר האָבן אויסגעפרעגט קימאט איבער אלע וואגאָנעס. און קיינער האָט אים ניט געזעען.

כאפט אים דער גוטער יאָר. ניטאָ, וועט זײַן גוט אָן אים אויך.

שוין דעם אנדערן טאָג, אז ער איז ניטאָ.

מירן שוין באלד קומען אפן אָרט.

נו, פארשטייט זיך, אז מ׳האָט אים שוין אינגאַנצן ארויסגעלאָזן פונ קאָפּ, אזוי נאָר ווען־ניט־ווען דערמאָנט אים עמעצער מיט א וואָרט, ווי וועגן א זאך וואָס ס׳אמאָל געווען. איינער האָט זיך אפילע א קראַץ געטון, אז טאָמער איז עס א מין שפּיאָן.

נאָר מ׳האָט אים שוין סײַווי פארגעסן. שפּעטער, מיטאָגצײַט, ס׳שוין געווען, ווי געזאָגט, דער צווייטער טאָג, האָט עמעצער דערטאפּט א טשײַניקל אָקראָפּ עפּעס אף א סטאנציעלע אזא, דער גוטער יאָר ווייסט, ווי זי הייסט, זי איז אָן א נאָמען, — אָן אָפּגעבּרענטע.

נו, האָט מען זיך צעלייגט אף די אונטערשטע נארעס פּראָווען די סודע. מײַסעס, געשיכטעס.

דער אָקראָפּ איז זודיק און קאָכיק, אז ס׳שלאָגט פון אים א דאמף ביז דע׳ר סטעליע.

דארף דיר ניט איין יאט מיט א דיר פון א לעוויאָסן נעמען און אויסקערן א גאנץ קווערטל אָקראָפּ אף דער ערד. די קאליוזשע האָט זיך צעפּליוכעט מיט א רויך, אזוי ווי פון קעסל ארויס, און ס׳צעלויפט זיך אומעטום אונטערן באנק און אונטער די שמאטעס, און ווו נאָר א שפּאלט.

פּלוצים האָט זיך עפּעס גענומען רירן אונטער די נארעס, ס׳האָט זיך גענומען העצקען. די ברעטער האָבן זיך צעטאנצט.

— וואָס פאר א כאָלערע? — קוקן מיר זיך אלע איבער.

און פונדאָרטן:

— אײַ, טשאָרט פאַרשיווע! אײַ, אײַ, טשאָרט! אײַ, וואָס געטון! אײַ, טשאָרט, אינדערערד!

מיר האָבן אלע אויסגעגלאָצט די אויגן.

— כאָדיע, כאָדיע! — האָבן מיר גענומען שרײַען.

און מיר האָבן זיך אַ לאָז געטון אלע ארויסטאַסקען פון אונטער די ברעטער כאָדיען.

פאר די פיס האָבן מיר אים נעבעך ארויסגעשלעפּט. ער איז געווען אויסגעשמירט ווי אַ רוער פון בלאָטע. זיך אויסגעקאַטשעט דאָרט אונטער דער פּאָליצע.

לאָזט זיך אויס, אז דאָס האָט ער דרײַ נעכט קעסיידער מיט קײן אויג ניט אופגעפּירט, איז ער פארקראָכן שטילינקערהייט אונטער דער באַנק און איז אוועקגעשלאָפן אָנדערהאַלבן מעס־לעס דורכאַנאַנד.

.III

אָט דאָס האָסטו דיר אַ כאָדיע!

נו, האָבן מיר אים דאָך געבראַכט צו פירן אפן פּראָנט.

איך פלעג אים זען ניט אזוי אָפט, אָבער איבערגעהערט האָט מען פון אים, אז ער שלאָגט זיך אויסגעצייכנט. מ׳פלעג אים פאַרגלײַבן אַסאַך זאכן. מ׳האָט זיך ארומגעזעען, אז ער איז אזא, וואָס מ׳קען זיך אף אים פאַרלאָזן. קוים נעמט ער זיך פאַר עפּעס, וועט ער שוין עס אופטון. מ׳האָט אים אָנגעהויבן אפילע פאַרטרויען גאָר שווערע איניאָנים.

ער איז דיר אזא שעד, אז ער וועט דורך אײַזערנע ווענט דורכקריכן און וועט זיך דערשלאָגן, וווהין ער דאַרף. און אומעטום האָט ער דיר דעם אײנעם צוזינג:

„זאַוועצקאַ וולאַסד“!

— איינמאָל איז אים אויסגעקומען פאָרן מיט זייער א נייטיקער שליכעס, שיר ניט הרכן ווייסן פראָנט זיך דורכרייסן געדארפט. מ׳האָט אונדז אָפּגעשניטן פון אונדזערע, דער רוצך זאָל זיי נעמען! אזוי ווייט האָט עס געהאלטן, אז ס׳ביט שייעך שיקן, קיינער וועט סיי־ווי ניט דורכגיין. אויב האָפן אף עמעצן, איז נאָר אף כאָדיען. אזאַ איז ער שוין געווען.

נו, קלאָר, מ׳האָט אים אלץ דערקלערט, ווי ס׳באדארף צו זיין, אים מיטגעגעבן א לעדערנע קורטקע, ער זאָל ניט אָפּגע־נעצט ווערן. א פערד א גוטס — כאָטש אלע ביינער סטירטשען בא אים, אָבער קיין בעסערס איז שוין ניט געווען.

און דאָס שטיקל ארבעט איז אזא, אז מ׳ווייסט ניט, צי כאָדיע אפילע וועט עס אויך אויסהאלטן. האָט מען אים אריינגעדריבעט אין מויעך אריין, אז טאָמער קומט אויס—איז ווארף אַלץ: ווארף דאָס פערד, ווארף דעם פעלץ, נאָר דעם פאפיר זאָלסטו ברענגען!

דעריקער האָט כאָדיען פאראַרט, וואָס מע מעג אוועקווארפן דאָס פערד. ער האָט זיך דאָך זייער שטארק דערפרייט פון אזא גוט פערד. ער האָט געשיינט מאמעש. ער האָט ניט געקענט איינשטיין אף איין אָרט. דער קאָמאנדיר גיט אים צו פאר־שטיין, און כאָדיע הערט ניט אוף זיך דרייען. ער פרוווט דאָס פערד אזוי און אנדערש.

קאסט זיך אף אים דער קאָמאנדיר:

— דו הער בעסער, קאָלפעק איינער, וואָס מ׳רעדט צו דיר. וואָרום דו וועסט דאָרטן אָנדרייען זאכן!

— ניין, ניין. איך ווייס. אלץ א וואָרף טון. פערד א וואָרף טון, היטל א וואָרף טון. פאפיר ניט א וואָרף טון. איך אלץ ווייס. זאוועצקא וולאסד!

דער קאָמאַנדיר האָט נאָך אַ מאָך געטון מיט דער האַנט, ווי איינער מיינט:

„גיי מאַך עפּעס מיט אַזאַ".

און כּאַדיע איז אַוועקגעפֿאָרן.

אַ לאַנגע צײַט האָט מען פֿון אים ניט געהערט ניט קיין סליך ניט קיין דיך. אָבער דעם פֿאַפּיר האָט ער ווײַזט אויס פֿאַרפּירט. וואָרום ס'האָט זיך אַלץ אַזוי אָפּגעטון, ווי ס'האָט זיך דאָרט געשריבן, אַלץ מיט אַנאַנדער, ווי מ'דאַרף גאָרניט בעסער.

און אָט איינמאָל ווײַזט זיך אַראָפּ כּאַדיע אַליין. אַ הונגעריקער, אַן אויסגעדאַרטער. גלײַך צום שײַטער צוגעלאָפֿן. און דאָס ערשטע, צו וואָס ער האָט זיך געכאַפּט, איז דער לעפֿל.

ער זיצט אויף די דיבקעלעך און פֿאַמפּלט די קאַשע אויף ביידע באַקן. אַ מאַזלדיקער האַלדז. פּונקט אָנגעטראָפֿן צו דער קאַשע. מיר האָבן שוין אַפּילע אַביסל אַליין צורעכט געמאַכט, אָבער ס'נאָך געבליבן אַ היפּש ביסל.

ער שווײַגט. רײַבט. מ'זעט נאָר, ווי די שלייפֿן גייען בײַ אים פֿון דער פֿלײַסיקער אַרבעט.

קלאָר, אַז מיר האָבן זיך מיט אים דערפֿרייט. מיר האָבן זיך צונויפֿגעקוטשקעט אין איין רעדל און וואַרטן שוין.

עפּעס איינער האָט זיך ניט אײַנגעהאַלטן:

— נו, ווי, כּאַדיע, וואָס הערט זיך?

איז מען אויף אים אַלע אָנגעפֿאַלן.

— דו! האָב נאָר צײַט אַ רעגע. לאָז אים זיך אַביסל אָנלייגן. זעסט ניט, ווי דער מענטש איז הונגעריק!

ענדלעך האָט כּאַדיע צורעכט געמאַכט ביזן דנאָ די קאַשע, זיך אַרומגעווישט מיט דער האַנט און האָט פֿון אונטן אַרויף באַטראַכט אונדז אַלעמען מיט אַזעלכע טרויעריקע אויגן.

— אוי, א טשאָרט פּארשיווע — אוועקגעטריבן דאָס פערד.

אָט פונוואנען דער טרויער נעמט זיך!

— אוי, א ווײַסער טשאָרט. דאָס בעסטע פערד צוגענעמט.

— הערסט א מײַסע? דאָס פערד צוגענומען. דערצייל נאָר, כאָדיע, גיכער, ווי אזוי איז עס געווען, מירן שוין אים ווײַזן!

מיט כאָדיען פלעגן מיר עפּעס קעסיידער רעדן ווי מיט א א קליין קינד.

ער איז בא זיך אביסעלע שטארקער געוואָרן און גענומען דערציילן.

גלאט וואָס אף דערציילן איז ער ניט געווען קיין גרויסער בעריע, ווערטער זײַנען בא אים א טײַערע מאטבייע. מער פון אלץ שטייט אים אין די נויטן דאָס „זאוועצקע וולאָסד" און דאָס איבעריקע הערט ער ניט אוף צו שיטן מיט קלאָלעס אף דעם, וואָס האָט בא אים דאָס פערד אוועקגעטריבן.

— א ווײַסער טשאָרט פּארשיווער.

ווי אזוי ס׳איז אלץ פאָרגעקומען, וועסטו בא אים ניט דערגיין פון דעם ערשטן מאָל, מער פון אלץ האָט ער געטײַנעט, ווי אזוי מ׳דארף געפינען יענעם „טשאָרט", וואָס האָט דאָס פערד צו־גענומען, און ווי אזוי מ׳דארף זיך מיט אים באגיין. כאָדיע האָט אליין געוויזן, ווי אזוי מ׳דארף אים נערעקן. און בא אלץ גיט ער צו:

— אָ — פּארשיווער פּאָנעם. סוואָלאדזש! אוועקגעפירט דאָס פערד!

וויפל זידל־ווערטער כאָדיע האָט נאָר געוווּסט, האָט ער זיי אלע אויסגערעכנט אף זײַן פערד־גאנעוו. און קלאָר, אז ווען ער פּאקט אים דאָ, וואָלט מען שוין אים פון כאָדיעס הענט

קיין לעבעדיקן ניט ארויסגעריסן, כאַדיע וואָלט אים צעריסן אף שטיקער.

און די כעוורע גיבן אונטער כיישעק:

— ריכטיק, כאַדיע, ריכטיק! מיר וועלן אים שוין ווײַזן.

כאַדיע האָט שוין בעעמעסן געגלויבט, אז מירן אים זען וואָס גיכער אויסזוכן, מירן בא אים אָפּנעמען דאָס פערד און ער וועט שוין בא אונדז אָפּלייזן אקוראט!

ס'שווער געווען פון אים דערגיין א קלאָרע יעדיִע, אָבער דעם פאפיר האָט ער, ווײַזט אויס, פארפירט אף אזא אויפן.

פארנאכטלעך האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט א ווײַס־גוואר־דיייִשער גרופּע, פונקט ווי מ'האָט געקלערט. מיר האָבן אלע סײַווי געוווּסט, אז ער וועט זיך מיט זיי אָנטרעפן. נו, איז כאַדיע שוין אפן פערד ניט געווען, און ווערליק ער דערציילט, איז, ווײַזט אויס, ניט געווען ווו זיך צו באהאלטן. מ'האָט אים שוין באמערקט. האָט ער זיך געלאָזן אף אלע פיר. א טײַכל איז געווען נאָענט, איך געדענק ניט אקוראט, ווי ס'האָט געהייסן. האָט זיך כאַדיע אוועקגעשפּארט אהין צום וואסער צו. פון יענער זײַט בערגל האָט מען ניט געזען, וווהין ער האָט אוועקגעפויזעט. ער האָט די האנט פון ארבל ארויסגעריסן און דאָס פאפירל אונ־טערגעשטופּט אונטער דער פּאכווע ארונטער, נאָך פארקוועטשט שטארק, אז ס'זאָל ניט דורכנעצן, און אליין איז ער שוין אין וואסער. יענע, די ווײַסע שיידים, אף די פערד זײַנען שוין גאָר נאָענט, כאַדיע הערט שוין, ווי זיי יאָגן.

און ער אליין? אָט א כאַדיע. ער איז פארקראָכן אין וואסער ארײַן, נאָר דאָס נעזל שטעקט ארויס. גיי זײַ א בעריע און דערקען פונדערווײַטנס. יענע יאָגן, נישטערן. ווו האָט ער גע־קערט אהינקומען?! ארום איז הוילער סטעפּ. האָבן זיי גענומען

שיסן, טאָמער וועט ער זיך דערשרעקן און זיך ארויסוויַיזן. אָבער כאָדיע איז גאָר אזוי ווי אף דער וועלט ניט געווען. דאָס פערד איז דאָ, און קיין כאָדיע איז ניט צו זען. אָט ווי אזוי!

יענע האָבן געוויס געקערט צעשפּרונגען ווערן פאר קאס און רעציכע.

א שאָ דריַי אוואדע האָבן זיי זיך געייסעקט ביז ס'געוואָרן גוט פינצטער. נו, און זיי האָבן, פארשטייט זיך, א שפּיַי געטון.

און כאָדיע האָט טאקע דעם פאפיר דערטראָגן וווּהין מ'דארף, און האָט אים ניט פארנעצט אונטערן האנט.

און דערנאָך איז ער פארפאלן געוואָרן אף א צייַט, האָט אלץ דאָס פערד זייַנס געזוכט. ביז ער האָט זיך אָט־אָ אומגעקערט.

אָט וואָס פאר א כאָדיע דאָס איז!

—

.IV

און גלאט איז אים די מייַסע ניט אָפּגעגאנגען. כאָדיע איז אינגאנצן אויסגעדארט געוואָרן, ס'ווארפט אים אין א קאדאָכעס. און אליין הערט ער ניט אוף רעדן פונעם פערד, וואָס מ'האָט בא אים צוגענומען.

מיר זייַנען געווען צו אים צוגעלאָזן מיט אלערליי צוגעלאָזטקייַטן, אָבער ס'העלפט ניט. פארקערט, ער איז גאָר באַרויגעז, וואָס מ'האָט אים אָפּגענארט: מ'האָט אים צוגעזאָגט זוכן דאָס פערד, און מ'שפּילט זיך גאָר.

דער קאָמאנדיר האָט געהייסן, מ'זאָל אים געבן א צווייט פערד, האָט ער זיך גאָר אינגאנצן באליידיקט. מיר קענען גאָר ניט צוקלערן, וואָס מ'הייבט אָן מיט אים צו טון.

איינמאָל מאכט זיך, אז דער דאָקטער פאלט צו אונדז אראָפּ. האָט ער באטראכט כאַדיען.

— אין שפיטאָל אריַין, — זאָגט ער, — מוז מען אים. ער קען נאָך בא איַיך אין אזא צושטאנד איינגאנצן אָפּגעגנען.

ער, כאַדיע דזשפּקע, האָט זיך איַינגעאקשנט, אז איינמאָל ניין:

— איך ניט שטארבן, איך דארף א פראָנט. דארף א פערד. פארוואָס ער צוגענומען?

מיר זיַינען צו אים צוגעגאנגען:

— כאַדיע, טיַיערינקער. דו פאריכט זיך נאָר, וועלן מיר שוין איניינעם דאָס פערד אָפּזוכן. דו ביסט דאָך איצט ניט געזונט דו דארפסט זיך נעמען אין די הענט אריַין.

יאקאָס האָט מען אים איַינגערעדט. מ׳האָט אים צוגעזאָגט, אז מ׳וועט אים אָפּט קומען געווירע ווערן.

בא אונדז איז פונקט געווען א פריַי שטיקל צייַט. און דער לאזארעט איז אויך געווען ניט וויַיט. נו, האָבן מיר אים אָפּגעשיקט, כאַדיען, אהין.

ס׳איז אוועק בא א גוטן כוידעש צייַט.

איינמאָל צערעדן מיר זיך.

א, קיין איינער שעד האָט זיך ניט דערמאָנט אהין צו גיין. און מ׳זאָל זאָגן, אז מ׳איז זייער געווען פארנומען—איז ניין.

אָט מענטשן, — קלער איך זיך, — דער רועך זאָל עס נעמען! און ס׳מיר גאָר פאר זיך אליין געוואָרן א כארפּע.

ניין, איך גיי גלייַך אהין.

געקומען.

פרעג איך:

— ווו ליגט דאָ א שלאפער קיטיַיעך?

ביסט א מייוון,—קלער איך,—ווייסן מיר גאָר קיינער ניט,לאָזט זיך אויס, ווי אזוי מ׳רופט אים אפילע, אונדזער כאָדיע.

אָבער צום גליק האָט זיך אזוי באקומען, אז דאָרט אין לאַ־זארעט קענען אים סײַווי אלע.

— א־א, דער כאָדיע? אָן־אָ איבערן קאָלידאָר, אין דער 7-טער פאלאטע.

גיי איך.

ס׳שמעקט, ווי אומעטום, מיט שפיטאָל. אף די בעטלעך ראָיען זיך מענטשן. מ׳פארנעמט זיך יעדערער מיט פארשיידענע קליי־ניקייַטן אין דער פרײַער צײַט.

איינס האָט מיך נאָר באלד פאראַרט, וואָס עפעס זשוזשעט דאָ ערגעץ, און דערנאָך שיסט אויס ערגעץ א געלעכטער, א געזונטער אזא, פון וואָסערע צוויי צענדליגג העלדזער, אזא אָנשטעקנדיקער, אז מיך אליין רײַסט שוין צום לאכן, ניט גע־קוקט אף דעם, וואָס איך ווייס נאָך ניט פון וואָס צו זאָגן.

איז עס טאקע געגאנגען פון דער זיבעטער פאלאטע.

איך טו א קוק, די פארוווּנדעטע אלע שלעפן זיך אויך אהין. פארוואָרפן די ברייטע פאָלעס פון די כאלאטן, און זיי אויך, קאם וואָס זיי האלטן זיך אוף. און אין דער זיבעטער איז דער געלעכטער שטילער געוואָרן אף א ווײַלע און ס׳זשוזשעט שוין ווײַטער: זשו־או — זשו־או — זשו...

איך קום ארײַן — מאמע מײַנע!

דער כאָדיע זיצט אפן בעט. האלט אין די הענט א שטעקל. צום שטעקל איז מיט א פאָדעם צוגעבונדן א פויגל; און דער פויגל דרייט זיך אין א ראָד, מ׳פארשפאָרט צו אים א לעבעדיקן, אזוי פליט ער און דרייט נאָך מיטן עק. א פארביקער, אזוי ווי א פאָפקע. און דער פויגל אליין זשוזשעט עס טאקע. און אלטע

בּערד, די פאַרוווּנדעטע, האָבּן אים אַרומגערינגלט. בּיסט אַ מיליון סאַרא לאַכן! שיר וואָס מ׳קאַטשעט זיך ניט אַף דער ערד, און כאָדיע דרייט דעם פויגל און שײַנט אינגאַנצן, אַזוי ווי דענסטמאָל אַפן פערד.

— „טשאַא־טשאַאָ־טשיאָ־טשי“, — שעפּטשעט ער עפּעס אַף זײַן לאָשן, דער רועך ווייסט עס, וואָס ס׳איז, און דער פויגל צו אים אַף צוריק:

זשו—זשו—או—זשו.

דער פויגל זשוזשעט, און זיי אַף אים קוקנדיק וועלן שוין בּאַלד ליגן אַף דער ערד.

איך אַליין האַלט זיך שוין בּאַ די זײַטן לאַכנדיק.

אײַ, אַ כאָדיע! אײַ, אַ כאָדיע!

איך בּין צוגעגאַנגען צו אים נעענטער. האָט ער זיך עס אַבּיסל דערפרייט מיט מיר און אַפילע דעם פויגל זײַנעם אַוועקגעוואָרפן. עפּעס בּעלעמעטשעט ער, און איך פאַרשטיי אַפילע ניט וואָס.

— כאָדיע, — זאָג איך צו אים, — טײַערינקער. ווי גייט עס דיר דאָ?

נו, וואָס זאָל ער דערויף זאָגן—נישקאָשע. ער האָט זיך גאַנץ פײַן פאַריכטעט, און מ׳וועט אים שוין בּאַלד אויסשרײַבּן פונדאַנען. ער איז דער בּעסטער טעאַטער פאַר איטלעכן.

וועלכע איר ווילט נאָר שמאָכטעס האָט ער דאָ איטלעכן אָפּגעמאַכט:

איינע פישטשעט בּאַ אים, איינע, איך ווייס—אַז ס׳איז דיר אַ קאָמעדיע מיט אים און אַן עק. ער פוילט זיך ניט און ווײַזט מיר אַלץ פונאַ:הייבּס: אָט־אָ האַלט ער אין האַנט אַ קליין קוביקל. דריקט ער עס אויף אין האַנט, ווערט פון דעם אַן

עמעסע וואָראָנע. און די כעוורע לאכן, אז די פענצטער קלינגען.

איינער א סאָלדאט, שוין ניט קיין יונגער, ווײַזט אויס, ער האָט די גאנצע דײַטשישע אף דורך און דורכגעמאכט, האָט ער מיך א שטורכע געטון הינטן ארום און מיך צוגעפירט צו זײַן בעט. איך קלער צו זיך, וואָס דארף ער אזעלכס. און ער ווינקט מיר אונטער. ארויסבאקומען זײַן טאָרבעלע און דאווײַ שלעפּן פונדאָרטן זײַנע כפייצים פארשיידענע. וואָס וויל ער פון מיר — קלער איך צו זיך. און ער האָט פון סאמע דנאָ דער־לאנגט א קליין באָלוואנטשיקל, א מין קונצנמאכערל אזא, אָבער אקוראט צוגעקלערט געוואָרן. דער סאָלדאט טוט אים א קוועטש ערגעץ בא א פיסל—כאפּט עס באלד טאנצן און פלעסקען מיט די הענטלעך און מיט די פיסלעך. א קאָמעדיע אף כידושים מאמעש.

— וואָ, — זאָגט ער. — בא מיר איז א פיצינקעלע אזא־אָ פאר־בליבן אין דאָרף, וועל איך עס איר פארפירן! זאָל זי!

אלע שײַנען, ס׳מאמעש א פארגעניגן צו קוקן אף זיי. אר כאָדיע אליין—טו נאָר א קוק אף אים, ער איז א פּאָשעטער אזא. א כאָדיע—און גענוג.

ס׳האָט זיך מיר דעמאָלט שיר ניט געגלוסט וויינען.

און דאָ האָט זיך נאָך אונטערגעשארט אן אנדער מײַסע.

איינער איז אונטערגעגאנגען צו דעם, וואָס מיטן באָלוואנ־טשיקל. ווײַזט אויס, אז פון איין קאנט זײַנען זיי.

— סטיפּיי, — רופט ער זיך אָן צו אים, — שוין לאַנג, אז דו ביסט פונדערהיים?

— זעקס וואָלט שוין דאַרפן ווערן! וואָס איז דען?

— אזוי זיך. דו ווילסט איר פארפירן א שמענדריקל, און דאָרטן קער שוין די פיצינקע דײַנע זיך זוכן א כאָסן פאר אזא צײַט. דו באקלער זיך נאָר!

סטיפיי האָט טכילעס ניט אַלץ פאַרשטאַנען, אָבער דערנאָכ־דעם טוט ער זיך א כאַפּ פאַרן קאָפּ:

— אַט, ניט געדאַכט זאָלסטו ווערן!

איז צוגעשטילט געוואָרן, און הערט נאָר עפּעס ניט אויף צו שמייכלען.

דערנאָך האָט ער צוריק גענומען פאַרוויקלען דאָס פּאַיאַצעלע זײַנס און גלעטן עס פּאָרזיכטיק, ווי א פּיצל קינד.

— סײַווי. און איך וועל עס דאַפּקע פאַרפירן.

און דער כאָדיע האָט, לאָזט זיך אויס, איטלעכן דאָ אויסגעאַרבעט אַזעלכע קומעדנע שמאָכטעלײַעס. וועמען א פּישעלע, וועמען וואָס, אַלע האָבן געבראַכט זיך באַרימען, און איינער האָט געבראַכט א ציאַצקע אַזאַ א נאָדלדיקס, ווי א שטעכלערל. און נעמסטו אַרויס איין נאָדל, אַזוי צעשיט זיך עס אינגאַנצן.

איינער א באָכער ט׳געבראַכט צו טראָגן א הענדעלע, קוועלט אָן, שיר וואָס ער גייט ניט טאַנצן.

— אײַ,— זאָגט ער,— איז עס א כאָדיע,— א מין טעאַטער מיט אים, זאָל איך אַזוי לעבן, אַזוי ווי איך בין גאָר קיינמאָל אפן פּראָנט ניט געווען.

אָט וואָס פאַר א כאָדיע דאָס איז.

## V.

און פונדעסטוועגן א כאָדיע בלײַבט א כאָדיע.

איינמאָל האָט מען אים אַנידערגעשטעלט אפן פּאָסט באַם שאָסיי, מ׳האָט אים אַלץ דערציילט, ווי ס׳דאַרף צו זײַן. אָט האָסטו דיר, כאָדיע, א פּאַראָל: „מושקע“. ווער ס׳וועט דיר זאָגן

„מושקע", דעם מעגסטו דורכלאָזן, ווער ס'וועט ניט זאָגן—שיק אים אָפּ אף צוריק. וויל ער ניט פאָלגן — טאָ שיס.

דעמאָלט איז געווען א צײַט אן ערנסטע.

געטון האָט זיך עס אָן מיר.

איך בין אקוראט אָנגעפאָרן אף אן אווטאָ מיט פולעמיאָטן־לענטעס און געדארפט דורכן שאָסיי דורכפאָרן צו דער פעדער־שטער ליניע. און ווייסט עס דער רועך, ווי אזוי ס'האָט זיך באקומען! קיינער אף דער מאשין האָט אזוי ווי אף צעלאָכעס ניט געוווּסט דעם פאראָל. דער פאָסט איז, ווײַזט אויס, נאָרוואָס באשטימט געוואָרן. פאָרן מיר אזוי און מיר דערזעען דעם כאָדיע אונדזערן, און ער האָט שוין אפילע די ביקס אף אונדז אָנגעשטעלט.

— שטיי!

האָבן מיר פארהאלטן די מאשין. מיר שווײַגן. און כאָדיע שיר וואָס ער צילט זיך ניט אײַן אונדז.

— וואָן צוריק. איך באלד שיסן.

מיר קוקן זיך איבער צווישן זיך: כאָדיע איז דאָך גערעכט. ווער איז אונדז שולדיק, אז מיר ווייסן ניט דעם פאראָל.

און די מאסע, וואָס מיר פירן, איז נייטיקע, מ'מוז גיכער.

מיר צו אים. אזוי און אנדערש: „כאָדיע, טײַערינקער. מ'מוז" און דאָס און יענץ...

כאָטש טו אים וואָס דו ווילסט.

„איך באלד שיסן!" און אן עק.

בּ עפּשער א האלבע שאָ דורכאנאנד האָבן מיר אים ניט אופּגעהערט אײַנרעדן, און ער איז שוין גוט אין קאַס.

„וואָן!" און „וואָן!"

דאָ בין איך שוין ארויס פון די קיילים:

— כאָדיע, — רוף איך זיך צו אים אָן, — נאר דו אָפּגע־ריסענער! ווער, ווען ניט איך, וואָלט דיך אהער אפּן פראָנט געווען ברענגען. און דו מאכסט מיר אזעלכע פוילע שטיק. געפונען וועמען ניט דורכלאָזן.

דאָ איז כאָדיע, ווייַזט אויס, געבראָכן געוואָרן און אין א רעגע ארום, אז ער צעגוואלדעוועט זיך דיר ניט אף אונדז (ער איז זייער צערייצט געוואָרן, איך האָב זיך גאָרניט גערעכט, ער זאָל אזוי קענען):

— איַ, טשאָרט פּארשיווע! זאָג „מושקע" — וועסטו פאָרן, זאָג ניט „מושקע"—דו ניט פאָרן!

מיר האָבן טכילעס ניט פארשטאנען וואָס איז די מייַסע, און כאָדיע איז אזש רויט געוואָרן:

— זאָג „מושקע", טשאָרט פּארשיווע, זאָג „מושקע".

דאָ האָט זיך עמעצער אָנגעשטויסן:

— מושקע! מושקע! — שרייַען מיר.

— פאָר גיך, טשאָרט פּארשיווע!

און אונדזער מאשין האָט אוועקגעטראַבאנעט פאָרויס. די קעסטלעך מיט די לענטעס האָבן שווער אונטערגע־שפרונגען.

און כאָדיע האָט זיך נאָך מינאסטאָם אלץ געקערט שעלטן. „טשאָרט פּארשיווע!"

איך האָב עס געווען לעכאטכילע ארויסגעלאָזט פון קאָפּ. כאָטש איך האָב נאָך אף דער פרישער רעגע א קלער געטון אז ס'וועט אויסקומען אזוי, ווי מיר וואָלטן דאָ עפּעס אָפּגע־טון כאָדיען א שפּיצל.

ניט אין דעם שפּיצל גייט עס, נאָר ערקען דערפון אָפּלייַדן אויך.

אזוי האָט זיך עס אַ קלער געטון, און ווערליק מ׳איז שטאַרק פאַרנומען, איז עס באַלד אַרויס פון קאָפּ, דערצו האָבן מיר נאָך געמוזט זיך אָפּשיסן, גלײַך ווי מיר זײַנען אַהין געקומען.

און געשעען איז עס אַזוי. ס׳דורכגעגאַנגען נאָענט פאַרבײַ דער קאָמאַנדיר אונדזערער, און איך זע — נאָך אים לויפט דער אָרדינאַרעץ און פירט דאָס פערד פאַרן צײמל. אים דעריאָגט, רופט זיך אָן דער אָרדינאַרעץ צום קאָמאַנדיר:

— כאַווער קאָמאַנדיר, דאָרטן שטייט בײַ אַײַך אַ כּינעזער אויפן פּאָסט...

און מער האָב איך שוין ניט געקענט הערן.

וואָס זאָל עס באַטײַטן? איך האָב גלײַך פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז דאָ ניט מיט אַלעמען. וואָס, קלער איך זיך, האָט דאָ כאָדיע אויפגעטון אַזעלכס? און איך אַליין פּיל — איך בין דאָ אויך ניט אינגאַנצן ריין.

און איך — נאָכן קאָמאַנדיר. ערשט איך הער:

— ... און מ׳דאַרף אים אַראָפּנעמען, ער איז אַ גרויסער טיפּעש. אַזוי ווי איך פּאָר און איך וויל נאָר אויסרופן דעם פּאַראָל, ווי ער, דער טײַוול, שטעלט אָן די ביקס אויף מיר און הוקעט:

„זאָג „מ׳שקע”! ניט זאָגן „מושקע”— איך האַרגענען אויפן אָרט!”

אָט אַ טײַוול. ער איז גאָרניט בײַ די געדאַנקען. איך האָב אים שיר ניט דערשאָסן אויף דער הייסער שאָ.

דער קאָמאַנדיר האָט פונדערגרינג אַ שמייכל געטון און רופט זיך אָן:

— דער רועך ווייסט וואָס דאָס איז. אַזאַ געטרײַער באָכער!

בין איך צוגעלאָפן, האָב גלײַך דערציילט די גאַנצע מײַסע. כ׳האָב געוואָלט אַבי ווי אַזוי פאַרענטפערן כאָדיען.

נו, ס׳א קלאָרע זאַך, אַז מ׳האָט כאַדיען באַלד אראָפּגענומען. אָבער אַז מ׳האָט אויסגעפּאַרשט די זאַך, איז שוין געווען אַביסל וואָס צו לאַכן.

לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט איטלעכן דורכגעלאָזן.

ווער ס׳נאָר אָפּגעפאָרן, האָט ער גלײַך אָנגעשטעלט די ביקס:

— זאָג „מושקע״, טשאָרט פּאַרשיווע, זאָג „מושקע״!

נו, קלאָר, אַז מ׳האָט געזאָגט. ווען עמעצער וויל ניט זאָגן, וואָלט ער יענעם אוועקגעלייגט אַפּן אָרט.

קען זײַן, נאָר מיט אונדז האָט ער זיך אַזוי לאַנג געהאַלטן, דערפאַר, וואָס מיר זײַנען אים שוין אַזוי באַקאַנט. און איך בין נאָך דאָ געווען. איך האָב דאָך אים דעמאָלט פאַרשלעפּט אין טעפּלושקע אַרײַן.

און ווייסט אים דער גוטער יאָר, וואָס איז עס באַ אים פאַר אַ קאָפּ אַזאַ. ווי אַזוי האָט זיך עס באַ אים אין קאָפּ פאַר־געשטעלט דער פּאַראָל. עפּשער ווי אַ טפילע אַזאַ אַ כי־בעזישע.

ווער ס׳וועט אָפּדאַווענען: „מושקע, מושקע״ — איז גיי, און ווער ניט — איז קנאַק!

אָט וואָס פאַר אַ כאַדיע דאָס איז. זײַ אַ בעריע און צעקײַ אים.

## VI

אָט ס׳אַמין כעוורע־מאַן דאָס איז געווען. און וואָס פאַר אַ סאָף ער האָט געהאַט.

מיר זײַנען דעמאָלט געגאַנגען קעגן די פּריצים.

איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז אונדז אויסגעקומען אָפּטרעטן פון אַ דערפעלע אַ קליינס.

מ׳האָט געגלײַכט דעם פּראָנט.

אין יענעם דערפּעלע איז געשטאַנען א מיל. אזוי זיך א ווינטמיל. אף איר האָט זיך דער כאָדיע ארופגעדראַפּעט מיט א קוילנוואַרפער און פונדאָרטן געסמאַלעט! מעשוגענערווײַז!

דאַרף זיך אָבער אויסמאַכן אזא צאָרעדיקער צופאַל!

מיר זײַנען אָפּגעטראָטן און האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן, אז מ׳דאַרף אַראָפּנעמען כאָדיען. אזוי ווי פון קאָפּ אַרויס.

און ער איז געבליבן מיטן קוילנוואַרפער מיט זײַנעם שטעקן בא די פוילן.

איך אליין האָב שוין דאָס ניט געזעען, נאָר מײַן כאַווער אָסיפּאָוו האָט עס מיר דערציילט. ער האָט זיך אויך געפּאַקט אין געפענקעניש, אָבער ער איז אין א צײַט אַרום אַנטלאָפן געוואָרן.

דערציילט ער, הייסט עס, ווי אזוי די פּריצים גייען אַרום מיט פאַריסענע נעזער, וואָס זיי האָבן קלוימערשט א גרויסע זאַך אופגעטון, — זיי האָבן דאָס דערפל בא אונדז פאַרנומען. און כאָדיע — דער טײַוול סמאַלעט פון מיל אַראָפּ, אז א רויך גייט. ס׳איז א פײַער, ניט קיין מענטש.

מ׳פּאָכעט צו אים, ער זאָל אופהערן, מ׳דאַרף מיט אים עפּעס רעדן.

איז ער צוגעשטילט געוואָרן אף א רעגע. אופגעהערט שטעפּן.

נו, איז צוגעגאַנגען איינער א מאַכער דאָרט מיט א שטעקעלע אין האַנט און מיט לאַקירטע שטיוול. ער שרײַט צו אים פון פאַרן ראָג:

— קריך אַראָפּ, היינטישער זון, דו, ביסט אין געפענקעניש!

און כאָדיע ענטפערט פון מיל אַראָפּ:

— דו אליין געפענקעַנער, ווייַסער טשאָרט. מײַנער — זאַ־וועצקע וולאסד!

— קריך אראָפּ, הייסט מען דיר, קאָלפּעק מיט קלייַען, דאָס דאָרף איז אונדזערס.

אָבער כאָדיע פאָרט אים אריַין:

— קריך אליין, טשאָרט פארשיווער, איך דיר מיַין פולעמיאָט מאכן א לעכל אין קאָפּ.

און דער מאכער יענער צענעמט זיך ערשט אף קיילים:

— דו קריך אראָפּ מיט גוטן, האָב דיר אזוי און אזוי. אז ניט, וועל איך דיך מיט א קויל אראָפּנעמען.

— אך, דו, טשאָרט פארשיוּוער! דו מיך ניט געזעצט, דו מיך ניט אראָפּגענומען. — זאַוועצקא וולאסד!

און ער האָט זיך א לאָז געטון פונדאָסנײַ שטעפּן מיט אזא אימפּעט, פונקט ווי בא אים אונטערן האנט וואָלטן זיַין פינף קוילנוואָרפערס, ניט איינער. א מין פיַיער, אז סאקאָנעס.

און דאָס פּאָרעצל יענץ, מיטן שטעקלע, האָט זיך אופּגע־דרייט אין דרײַ פּאָהיבעליעס, די צורע איז בא אים פאר שרעק איבערגעקרומט. און ער האָט זיך מוירע א ריר טון פון אָרט. ווייס, ווער כאָדיע איז.

ער האָט זיי פארגעבן אביסל היץ. עפּשער א האלבע שאָ צײַט האָט א גאנצער אָטריאד זיך מיט אים גערא‌נגלט.

אָט וואָס פאר א כאָדיע דאָס איז.

*

נו, ס׳דאָך א קלאָרע זאך — קיַין לעבעדיקן האָבן זיי אים שוין פון זייערע הענט ניט ארויסגעלאָזן.

